# קאנסטיטושאן

— דער —

## קאנגריגיישאן

# אנשי פאסטאוו

## אינדעפענדענט נומ. 1

אף ניו יארק.

נעגרינדעט דעם 31טען אויגוסט, 1902.



א. גאלדבערג, פרינטער, 91 מאאר סט. ברוקלין נ. י.

# קאנסטיטושאן

— דער —

## קאנגריגיישאן

# אנשי פאסטאוו

## אינדעפענדענט נומ. 1

אף ניו יארק.

נעגרינדעט דעם 31טען אויגוסט, 1902.



א. גאלדבערג, פרינטער, 91 מאאר סט. ברוקלין נ. י.

# אינהאלטס־פערצייכניס.

# בּעאמטען ליסטע.

---

ב. זאטעלאווסקי, עקס־פּרעזידענט.

מ. לעווין, פּרעזידענט.

ס, בעלאפף, וויס פּרעזידענט.

ה. ראגאף, פּראט. סעקרעטער.

ב. אשלאַנסקי. פינאַנס סעקרעטער.

טש. ליוואי, טרעזשורער.

דז. לידמאהן אינער וואַכע.

ב. זאטעלאווסקי, 1טער טראסטי.

ס. פּאַוולאפף, 2טער טראסטי.

טש. אבראמאוויטש, 3טער טראסטי.

---

# געשעפטס ארדנונג:

1 פארלעזען דיא נאמען דער בעאמטע.
2 פארלעזען דעם פראטאקאל דער לעצטען פער־זאמלונג.
3 קאמיטעע בעריכט איבער פארגעשלאגענע קאנ־דידאטען.
4 באלאטירונג דער זעלבען.
5 איינפיהרונג.
6 פארשלאגע פון נייע קאנדידאטען.
7 קראנקען קאממיטעע בעריכט.
8 אנמעלדונג פון נייע ערקראנקטע אדער נאטה־ליידענדע מיטגליעדער.
9 צו שריפטען.
10 ריצעס איינצוצאהלען.
11 אונערלעדיגטע געשעפטען.
12 צום וואהל אונד בעסטען
13 בעריכט איבער איננאמע אונד אויסגאבע.
14 שלוס דער פערזאמלונג אויף 14 טאגע.



ארטיקעל .1

## צוועק נאָמען אונד שפראַכע.

§ 1. דער נאמען הייסט:

# קאנגרייגיישאן אַנשי פאַסטאוו אינדעפּענדען נומ. 1.

§ 2. דיעזער נאַמען זאָל ניעמאַלס גענענדערט ווערען וויא לאַנג דיא קאנגרעגיישאן ועט עקזיסטירען.

§ 3. צוועק דיעזעס קאָנג. איז ברידערליכע טריי־הייט איז אַלע הינזיכטען, אונטערשטיצונג אין צייט פון נויטה אונד בעזאנדערע אַכטונג צו קראַנקהייט, אין שבעה אונד אין שטערבען פעלע.

§ 4. דיא מיטינגען, דיא ביכער אונד אַלע פער־האַנדלונגען מוזען זיך פיהרען אויף דער אידישער שפראַכע.

§ 5. דיעזער קאנג. זאָל ניט אויפגעלייזט ווערען אונד ניט צו טיילט ווערען זאָ לאַנג וויא 7 גוטשטיי־ענדע מיטגליעדער ועלען בלייבען.

ארטיקעל .2

## פערזאַמלונגען.

§ 1. רעגעלע מיטונגען פון דיעזען קאָנג. מוז אין יעדען שבת אבענד 2 מאהל אין מאָנהייט, דאך האט דער קאָנג. דאס רעכט צו בייטען דעם טאג און די צייט.

§ 2. ספּעציאַל מיטונגען קענען פּעררופען ווערען 1) דורך דעם בעשלוס פון קאָנג., 2) דורך דעם פּרעזידענט, 3) אַדער ווען 7 גוטשטעהענדע מיטגליע־דער פאָדערן דעם פּרעזידענט מיט אַ גרונדע.

§ 3. 7 מיטגליעדער און איינינע בעאַמטע האבען דאס רעכט צו עפענען דעם מיטינג און זייערע בע־שליסע זאָלען געזעצליך אנגענומען ווערען.

§ 4. גענעראַל פּערזאַמלונג זאָלען 4 מאל אין יאהר זיין וועלכע זאָלען זיין דיא לעצטע פון דיא פאָלגענדע מאָנאַטען; מערץ, יוני, סעפּטעמבער און דעצעמבער, וועלכע זאָלען זיין מיט 3 טעג בעפאָר שריפטליך געמאָלדען,

ארטיקעל .3

## אויפנאַהמע פון מיטגליעדער.

§ 1. יעדער פּערזאָן וועלכע וויל אין אונזער קאָנג. אנשי פּאַסטאוו אינדעפּענדענט נומ. 1. אריין קומען, מוז 1) ניט וויינינער וויא 21 יאהר אַלט זיין און ניט מעהר פין 45 יאהר זיין, 2) ער מוז זיין א יוד, 3) אַ גוטען און אונבעפלעקטען נאַמען, אַ גוטען מאַראַלישען כאַראַקטער בעזיצען, קערפּערליך און גייסטיג געזונד זיין, און ניט בעלאַנגען צו דיא אַנשי פּאַסטאוו נומ. 2.

§ 2. ווען אַ קאַנדידאַט לאָזט זיך פאָרשלאגען אַלס פּערהייראַטער מאַן און זיין פרוי איז אין אומשטענ־דען. זאָל ער אויפגענומען ווערען אַלס סינגעל ביז

נאָך דעם ענטבינדונג.

§ 3. אַ קאַנדידאַט מוז פאָרגעשלאגען ווערען פון א קאנג. ברודער, וועלכע מוז קאנען דעם קאַנדידאַט פערזענליך, עלטער און פראָפעסיאן און געבורט, בעגלייטעט פון דעם בעשטימטער סומע פאָרשלאַגס געלד פון דעם קאנגרעגיישאן.

§ 4. יעדער פאָרגעשלאגענער קאנדידאַט מוז זיין אין לאַנד ניט וויניגער פון 6 מאָנאַט.

§ 5. ווען אַ קאַנדידאַט לאָזט זיך פאָרשלאגען און איז אנגענומען געוואָרען, זאָל דער פרעזידענט ער־וועהלען אַ קאָמיטע פון 3 מיטגליעדער וועלכע דער פרעזידענט אַ פאָינטען 2 און וויים פרעז. 1 דיא קאנדידאַטען גוט אונטערזוכען צו ער איז גינסטיג פאַר אונזער קאַנג. ווען זייער בעריכט צום נעקסטען מיטינג וועט זיין גינסטיג, זאָל ער באַלאטירט ווערען.

1 שוואַרצער באלל איז גאהר ניט, 2 שוואַרצע באללס ווייזט אפּ אויף דעם מיטינג, מען קאהן וואוטען צום 2טען מיטינג, אונד אויבביים 2טען מיטינג קריגט דער קאַנדידאַט וויטער 2 שוואַרצע באָללס ווערט דער קאנדידאט אַפּ געוויזען אויף 6 מאָנאַט, קריגט א קאנדידאט 3 שווארצע באללס ווערט ער אפּ גע־וויזען אויף 6 מאנאט, דיעזע קאַנדידאַטען וואס ווערען אבגעוויזען איף 6 מאָנאַט קענעז נאָך אַ מאהל פאָר געשלאגען ווערען.

§ ·6 יעדער קאַנדידאַט וואס איז איין מאהל אָפּ גֶעוויזען געוואָרען אויף 6 מאָנאַטען, און ביים 2מען מאהל, קריגט ער וויטער 2 אָדער 3 באָלס שוואַרצע ווערט ער אָפּ געוויזען אויף אימער·

§ ·7 ווען דער קאַנדידאַט איז דורכגעגאַנגען דעם באַלאט איז דער פינאַנס־סעקרעטער פערפפליכטעט צו שיקען אַ פּאָסטעל קאַרד ער זאָל ערשיינען צו דעם קאנג· דאָקטער פיר אונטערזוכונג אונד דאַן קען ער איינגעפיהרט ווערען·

§ ·8 ווען דער קאַנדידאַט קומט צום איינפיהרען, מוז ער אַלע פראַגען פון דעם פרעזידענט בעאַנט־ וואָרטען און אויך שווערען טרייע, און ווען ער ער־ פילט עס ניט קען ער ניט אויפגענומען ווערען·

§ ·9 יעדער קאַנדידאַט מוז צום אריינפיהרען ברינגען איין אַטעסט פון דעם קאָנג דאָקטאר פון זיך און פון זיין פרויא.

§ 10 ווען אַ ברודער שלאָגט פאָר אַ קאַנדידאַט און עס געפינען זיך ברידער, וואס פּראָטעסטירען געגען איהם אין אַ געוויסע אורזאַכע, זאָל דער פּרע־ זידענט נעהמען צום אבשטימען.

§ ·11 יעדער קאַנדידאַט מוז געהן צום דאָקטאר מיט זיין פרויא פיר אונטערזוכען מיט איינעם פון דער קאמיטע·

§ ·12 דער קאַנדידאַט וואס דער סעקרעטער האט

איהם שריפטליך איינגעלאַזען צו קומען צום איינ-
פיהרען און ער קומט נים צו דיא רעגעלע 3 מיטינ־
גען אָהן איין גינסטיגע אורזאַכע זאָ בלייבט דאס
פאָר שלאַגס געלט אין דער קאָנגרעגיישאן.

§ 13. אים פאַל דערזעלבער קאַנדידאַט וויל שפּע־
טער דאָך בעלאַנגען צום קאָנג. זאָ מוס ער דאס 2טע
פאָרשלאַגס געלד איינצאהלען, און אַ 2טע קאָמיטע
בעזוכט ווערען, און דאס זעלבע פון דאָקטאר.

§ 14. ווען איין קאַנדידאַט קומט אריין אין אונ־
זער קאָנג. פיר אַ ברודער און עס וועט זיך אַרויס־
ווייזען ביז צום יאהר אַז דער ברודער ליידעט פון
אַ כראָנישע קראנקהייט וואס דער דאָקטאר האט
נים אויסגעפונען, איז ער אינטייטעל צו קראנקען
בענעפיט לויט אַ כראָנישע קראַנקהייט.

§ 15. יעדער מיטגליעד וואס קומט אריין אין
קאָנג. מוז אנגעבען דיא יאהרעז דיא נעהמען פון זיין
פאַמיליע און דאס אַללעס מוס אריין געשריבען ווע־
רען אין פאַמיליע בוך פון דעם קאָנגרעגיישאן.

§ 16. דיא פאַמיליע באַשטייט פון מאַן און פרויא
א זאהן ביז 20 יאהר, און טאכטער ביז זיי פערהייטען.

ארטיקעל 4

א יינ קו יפ ס־פּ ר י יז.

§ 1. יעדער קאַנדידאַט, וועלכער שלאָגט זיך
פאָר, מוז געבען 50 סענט פאָרשלאַגס־געלד, און
איינטריטגעלד, וויא פאָלגט ;

פון 21 ביז 25 יאהר, 1·00 דאלער;
פון 25 " 35 " 2·00 "
פון 35 " 40 " 3·00 "
פון 40 " 45 " 5·00 "
פון 45 יאהר און ווייטער נאך באַסלוס די ברידער דאך קען עס געענדערט ווערען דורך דעם בעשלוס פון דעם קאָנגרעגיישאן.

§ 2· דיא רעגולאר בייטראגע פון מעמבער איז; 1·50 דער קוואַרטעל, דאָקטאר סינגעל 25 סענט, אויך מוז יעדער מעמבער בייטראגען 4·00 דאלער פאַר דער סעמעטערי. און 75 סענט פיר אַ באָטען פון קאַנג. און 25 ס. פיר א קאָנסטיטושאן ביכעל דיזע 5·00 דאלער דארף דער ברודער אוים צאהלען אין 5 קוואַרטאלעז צו 1·00 א קוואַרטעל און דיעזער דאלער דאַרף צו גירעכענט ווערען צו דיא דיוס, און דאַרף בעצאהלט ווערען אין דער צייט אַזוי וויא דיוס און ער קאן געשטריכען ווערען פיר דעם דאָלער אַזוי וויא פאַר דיוס.

§ 3· דער קאנגרעגיישאן האט אַ רעכט צו רייזען דיא דיוס ווען דיא ברידער געפינען אוים אַז עס נויטהווענדיג.

§ 4. ווען דיא מאַדזשאָריטי פון פעראיין זעהט איין אַז מען מוז מאַכען איין אונטערנעהמונג וועגען פערבעסערען דעם קאָנג. האט דער קאָנג. אַ רעכט

ארויפצוליינען אַ טעקס אויף דיא מעמבערס מיט וויפיעל זיא שטימט אָב דורך אַ מאַדזשאָריטי.

§ 5. קיין מיטגליד קאהן שולדיג בלייבען ניט מעהר וויא 5$ סענט פון אַלע זיינע שולדען, בלייבט איין מיטגליעד ריקשטענדע מעהרער וויא 50 ס. נאָך דעם לעצטען איינצאַלונג, מוז דער פינאַנס סעקרעטער צו איהם שיקען איין רעדזשיסטען לעטער אויף דעם מיטגליעדס רעכענונג, אונד ווען דער מיטגליעד קומט ניט צו דיעזען מיטינג בעצאהלען זיינע שולדען ווערט דיעזער מיטגליעד געשטריכען פון דיעזען קאָנגרע־גיישאן בייא דיעזען מיטינג

§ 6· ווען איינמיטגליעד בעצאהלט ניט זיינע שולדען צום לעצטען איינצאלונג אונד דער פינאַנס סעקרעטער מוז דעם מיטגליעד שיקען איין רעדזיס־טען לעטער בלייבט דער מיטגליעד אין אַ ריעד, אונד פערליערט אַלע זיינע רעכטע פון בענעפיט אויסער קרקע, אונד אויב דיעזער מיטגליעד בע־צאהלט ניט זיינע שולדען ביים שטריך אבענד, ווערט דיעזער מיטגליעד סוספענדירט פון דעם קאָנג· אונד פערלירט דיא רעכטע פון דיא קרקע אויך. דאך האט ער אַ רעכט ביז דעם ערשטען דזשענעראל מיטינג פון זיין סוספענדירונג אריינצוקומען צום מיטונג פון קאָנג. אונד בעצאהלען זיינע שולדען אונד ווערט ערקלערט אַלעס אַלטער מיטגליעד·

§ 7. איין געשטריכענער מיטגליעד ווען ער בעפאָר 3 מאָנאַטען צוריק אין קאָנג. אנשליכען וויל, זאָ מוז ער אַלע זיינע ריקשטעהענדע שולדען בעצאהלען אונד אַ דאקטער אַטעסט פון דעם קאָנג. דאָקטער בריינגען. אונד ווען ער דיעזעס נאכקאמט, קען ער אַלס אַלטער מיטגליעד ערקעהרט ווערען. אין דיעזע אַלע פעלע קען א מיטגליעד אנגענומען ווערען, ווען ער קריעגט א מאדזשאריטי שטימען ביי דעם מיטינג, נאכדעם וויא דיא אונטערזוכונג־קאמיטע בעריכטעט איהם גינסטיג. 3) ווען נאך 3 מאנאַטען אין קאנג. בעלאַנגען וויל, זאָ מוז ער וויא אַ נייער קאַנדידאַט פאָרגעשלאָגען ווערען נאך דיא געזעצע פון אַרטיקעל 3 פון אונזער קאנסטיטושאן.

§ 8. אַ מיטגליעד מוז בעצאהלען זיינע שולדען דעם פינאַנס־סעקרעטער אין מיטינגס־לאקאל.

§ 9. ווען א מיטגליעד איז ניט אימשטאנדע צו בעצאַהלען זיינע שולדען אונד מעהרסטע פון דיא ברידער איז בעוואוסט פון זיין לאגע, דאַן האט דיא קאנג.־עגיישען דאס רעכט צו פערהאנדלען וויא זיא פערשטעהט.

ארטיקעל 5.

## נאַמינייש ען אונד וואהל.

§ 1. אין דיא ערשטע מיטינגען פון יוני אונד דע־צעמבער זאל דיא ערשטע נאמינייש ען פון בעאמטע

שטאטפינדען, אין גענעראַל פערזאַמלונגען זאָל דיא צווייטע נאַמיניישען און וואַהל זיין וועלכע מוזען דורך פּאָסטעל קאַרדס איינבערופען ווערען. אין דעם 3טען מיטינג ד. ה. דעם ערשטען מיטינג פון יולי, אונד יאנואר זאָל אינסטאַליישען פון דיא נייע בעאַמטע זיין.

§ 2. פּאַר יעדען אַמט קענען מעהרערע קאַנדי־דאַטען נאמינירט ווערען, אַזעלכע מוסען בייא דער פערזאַמלונג אַנוועזענד זיין, מוסען קליר אין די ביכער זיין מוזען 6 מאָנאַטען צו די קאנג. בעלאַנגען, אונטער קיינע קלאַגע זיין און מוז קענען שרייבען און לעזען.

§ 3. יעדער מיטגליעד קען לויפען פּאַר איין אַמט פון פּרעזידענט ביז אינערע וואַכע, אַ נאַמינירטער מיטגליעד מוז אנוועזענד זיין אָדער צושיקען שריפט־ליך וועלכען אַמט ער וויל אננעהמען, און ווען ניט קען ער ניע ערוועהלט ווערען.

§ 4. דיא בעאַמטע, וועלכע דאַרפען ערוועהלט ווערען זיינען: פּרעזידענט, וויס־פּרעזידענט, פּראָטאָ־קאל סעקרעטער, פינאַנס סעקרעטער, טרעזשורער, 3 טראָסטיעס, אינערע וואַכע, דיעזע מוזען דורך שטימצעטלען ערוועהלט ווערען, פיהרער זאָלען פון פּרעזידענט ערוועהלט ווערען.

§ 5. יעדער אָפּגייענדער פּרעזידענט מוז אַלס עקס־פּרעזידענט אַ טערמין זיין, אונד ווען דער זעלבער

פרעזידענט פערבלייבט, דאַן זאָל דער עקס־פּרעזי־
דענט אויך פערבליידבען.

§ 6. דער פּרעזידענט אונד דער וויס פּרעזידענט
מוזען ערוועהלען אַ וואָהל קאמיטע בעשטעהענד פון
5 מיטגליעדער, וועלכע זאָלען אַכטונג געבען אויף
דעם וואַהל, אונד דער קאַנדידאַט, וועלכער האט
מעהר שטימען, דער זאָל ערוועהלט ווערען, דער
פּרעזידענט דאַרף וואוטען.

§ 7. ווען אין שטימקאַסטען איז דא מעהר צעטלען
וויפיעל מיטגליעדער עס זיינען אַנוועזענד, זאָל דער
פּרעזידענט דיעזען וואַהל אַלס אונגילטיג ערקלעהרען
און אויף דאס נייע דעם וואהל פון קאַנדידאַט מאַכען.

§ 8. ווען פוי די לויפענדע קאנדידאַטען בייא דעם
וואַהל אַ גלייכע צאהל שטימען ערהאַלטען, האט דער
פּרעזידענט רעכט צו ענטשיידען, ווען דיא גלייכע
צאהל איז דיא מעהרסטע, אונד דיא איבעריגע קאַנ־
דידאַטען פאלט אב.

§ 9. ווען דער וואהל פאר איין קאנדידאט איז
אין גאנג, זאל דער אינערע וואַכע ניט ארייגלאָזען
אין לאקאל אונד ניט ארויסלאָזען.

ארטיקעל 6.

## פּפליכטען פון דיא בעאַמטע.

§ 1. עס איז דיא פּפליכט פון דעם פּרעזידענט
דעם מיטינג צו פיהרען, אַכטונג צו געבען דיא קאָנ־

סטיטושאן זאָל אויסגעפיהרט ווערען ריכטיג, אויך אַכטונג צו געבען אַז אַלע בעאַמטע אונד קאָמיטען זאָלען טאהן זייער פפליכט פינקטליך, ער מוז אלע קאמיטעען א פאָינטען, אונד זייערע בעריכטען פאָר־לעזען צו דעם אבשטימונג, אונד ווען אַ בעאַמטער קומט ניט צו דעם מיטונג דאַן בעדאַרף ער אַ פאָינ־טען אַ צווייטען אויף זיין אמט, אונד ווען דער בע־אמטער קומט דאַרף ער דעם וועלכען ער האט אַ פאָינטעד ענטשלאסען, ווען דיא שטימען און דיא געוויסע פראַגען זיינען גלייך, דאַן האט ער צו ענט־שיידען, אונטערצייכנען אַלע אנווייזונגען צו דעם טרעזשורער וויא אויך אלע אנדערע אפיצעללע דאָ־קומענטען. מוז ניט פערנאַכלעסיגען דיא געזעצליכע שטראַפע, אַכטונג צו געבען אויף דיא שטימונגען וואהלען און באַלאטאזשען, אלע דאקומענטען דארפען זיין ביי דעם פרעזידענט ביז ער זיצט אויף דעם טשער· ביי יעדען טעות אין דיא קאנג. ביבער האט ער דאס רעכט אליין איבערצוקוקען אָדער ערוועהלען אַ קאָ־מיטע. ווען עס ווערט איהם בעריכטעט אז א מיט־גליעד איז קראַנק, איז ער פערפליכטעט דעם זעלבען צו בעזוכען, אונד אַ קאנטראל איבער דעם צו פיהרען, אלע פאפיערען אונד אייגענטהום פון דעם פעראיין מוז ער איבערגעבען זיין נאכפאָלגער אין גוטער אָרדנונג·

§ 2, דער וויים־פּרעזידענט איז פערפליכטעט דעם פּרעזידענט אין אלע קאנג. אנגעלעגענהייטען צו העלפען· אין צייט ווען דער פּרעזידענט איז ניט אַנ־וועזענד· מוז ער זיין שטעלע פּאַרטרעטען אין אלע הינזיכטען; קראנקע מיטגליעדער איין מאל א וואָך צו בעזוכען; די מינאַריטעט פון פערשיעדענע קאמיטעען ערוועהלען;מוז פּאָרזיצענדער פון די פינאנס קאמיטע זיין·

§ 3· דער פּראטאָקאָל סעקרעטער זאל איין ריכ־טיגען אונפּאַרטייאישען פּראטאקאל פון אלע פער־האַנדלונגען דעם קאנג. שריפטליך אין אַ בוך פיהרען; דיא פינאַנס־קאמיטע בערופען ווען נויטהיג איז: מוז דיא ביכער פון זיין אמט דעם נאָכפאָלגער אין גוטע אָרדנונג אָבגעבען.

§ 4. דער פינאַנס סעקרעטער מוז דיא ביכער פון דעם קאנג. אין גוטען ארדנונג פיהרען, א ריכטיגע רעכנונג צווישען דיא קאנג. אונד די ברידער פיהרען; אלע געלדער אונד קוויטונגען דעם טרעזשורער אי־בערצוגעבען, מוז דער פּראטאקאל-סעקרעטער אַ ריכטיגע איינגאַבע פון איינאהמע אונד אויסגאבע געבען, פון יעדען פערטעל יאהר א פינאנס בעריכט צו פערפערטיגען אונד אונטערצייכנען אלע מיטגליע־דער, אונד צו א גענעראל פערזאמלונג בענאכריכ־טען. אויפלאגעס טעקסען, אונד שטראפען ריכטיג בעמערקען, אונד מוז אויך דעם פּארא. 7 פון ארטי־

קעל 4, פאָלקאם ערפילען, אונד א ליסטע פון דיא ריקשטעהענדע ברידער אויסצואַרבייטען אונד דעם פרעזידענט איבערגעבען, ער זאָל אלע ביכער, זיגעל אונד פאַפּיערען וועלכע בעלאַנגען צו זיין אַמט בייא זיך האַלטען אונד דאס זעלבע צו זיין נאכפאלגער און אַמט איבערגעבען אין גוטען ארדנונג, ביי ריווידירען דיא פינאַנס ביכער אנוועזענד זיין אונד דעם טרעזשורער אויפמערקזאַם מאַכען, ווען דיא סוממע צו דער פאַנירען איז דיא בענק אין פול.

§ 5. דער טרעזשורער מוז אַלע געלדער פון דעם קאנג. צונעהמען, אַלע אנווייזונגען פון פרעזידענט אונד סעקרעטער אונטערצייכענט מיט דעם זיעגעל פון קאָנג. אויסצאהלען, אונד דאס זעלבע דעם פינאַנס קאמיטע איבערגעבען, ער מוז בעפאָהר בעטרעטענד זיין אַמט 25 דאַלער קעש לייגען. מעהר פון 25 דאלער פון דיא קאָנג. געלד בייא זיך האבען. מעהר פון דיעזער סוממע געלד מוז ער גלייך איבערגעבען דעם ערשטען טראָסטיע אין דיא בענק צו דעפּאַנירען. ער איז מיטגליעד אין דעם קראַנקען קאמיטע אונד האט דיא בעווילינגטע בענעפיטען אונד אונטערשטיצונגען אויסצוצאהלען. ער מוז זיין אַמטגעהערענדע ביכער פאַפּירען און געלדער צו זיין נאכפאָלגער אין בעסטען אָרדנונג איבערגעבען.

§ 6. דיא טראָסטיעס מוזען אַכטונג געבען אַז דאס

איינגענטהום פון דעם קאָנג· אין גוטען צושטאַנד זיין·

§ 7· דיא אינערוואַבע איז פערפליכטעט די אינערע טיהר צו בעוואַכען און פון יעדער מיטגליעד וועלכער אין לאָקאַל איינטרעטען וויל דאס פּאַסיר ווארט אין גאַנצען איבערנעהמען, אונד אויפמערקזאַם בעאַבאַכטען דאס ניעמאַנד זאָל אָהנע דעם געוויסען צייכען דעם לאָקאַל פערשלאָסען זיין. ער מוז אַלע צושריפטען מיט דעם באַלאָט־באַקס צו דער צייט בעזאָרגען.

§ 8. דער פיהרער איז פערפליכטעט אין אַלע הינזיכטען בייא דעם אויפנעהמען נייע קאַנדידאַטען דעם פרעזידענט בעהילפיג זיין, נאָך דעם געוויסע געזעצע קאנג. פארמאליטעטען פּינקטליך אויסצופיהרען בייא דעם באַלאַטירען אונד וואַהלען, עהרליך אונד טרייא זיין דיענסט צו ערפיהלען·

§ 9. דיא אַלע בעאַמטע מוזען עהרליך אונד טריי דיענסטפערטיג צו יעדער צייט אונפּאַרטייאיש זייערע פליכטען ערפיהלען. צו יעדער פערזאַמלונג דעם קאָנג. אומבעדינג אַנוועזענד זיין·

ארטיקעל 7.

## דיא קאמיטעס·

§ 1· דיא קאָמיטעען זאָלען זיין פאָלגענדע :

1) קראַנקען־קאָמיטע ; 2) פינאַנס־קאָמיטע ;
3)קלאַגען קאָמיטע; 4)אונטערשטיצונג קאמיטע
5) דיא פערוואלטונגס ראטה קאמיטע.

§ 2· דיא קראַנקען קאָמיטע בעשטייט פרעזידענט וויס־פרעזידענט, סעקרעטער אונד 4 מיטגליעדער וואס דער פרעזידענט אַ פּאָינטעד ביים מיטינג, אדער וואס דער סעקרעטער שיקט צו זיי נאָטיס נאך דעם אַלפעבעט·

§ 3. דיא פינאַנס קאָמיטע מוז בעשטעהען פון 3 מיטגליעדער אונד דער פיערטער איז דער וויס־פרעזידענט, אַלע רעכענונגען פון דעם פינאַנס סעקרעטער מוזען גענוי אונטערזוכט ווערען אונד אריינברייננען אַ בעריכט אין קאָנג., דער סעקרעטער מוז אומבעדינגט דיא פינאַנס־ליסטע אויסשרייבען אונד אויסלעזען פאַר דעם קאנגרעגיישען אַלע איננאַהמע אונד אויסגאַבע.

§ 4. דיא אונטערשטיצונג קאָמיטע באַשטייט פון 3 מיטגליעדער, וואס דער פרעזידענט אפּאָינטעד 2, און דער וויס־פרעזידענט אַ פּאָינטעד 1· דער פרעזידענט און דער וויס־פרעזידענט האבען דאס רעכט זיך אליין צו אַפּאָינטען אין דער קאָמיטע נור אויב אַלע מיטגליעדער זיינען צופריעדען.

§ 5. דיא קלאַגעס קאָממיטעס מוז באשטעהן פון 7 גוטשטעהענדע ברידער וואס ווערען אַ פּאַינטעד פון פרעזידענט 5, און פון וויס־פרעזידענט 2, און אַז עס קומט אריין דיא קלאַגע פון אַ ברודער אויף דעם צווייטען ברודער, אַדער אַ קלאַגע פון דעם קאָנג.

אויף איין ברודער דאַרף דיא קאָמיטע אונטערזוכען דיא קלאַגע און האַנדלען אום פּאַרטייעס און אַרויס געבען ביים אָפּען מיטינג אלעס וואס זיי האבען אויס געפונען גילטיג, אבער ניט גילטיג· און די קאמיטע האט דאס רעכט אויב זיא געפינט שולדיג אַרויס גע־בען אַ שטראפע.

§ 6. דיא פערוואַלטונגס־ראַטה (חברה קדישא) מוז בעשטעהן פון 10 מיטגליעדער זיא מוז אונבעדינגט בייא אַ טויטענפאַל פון אַ פערשטאָרבענעם ברודער אָדער א פרויא פון א ברורער אנוועזענד זיין, אום אבצוגעבען דיא לעצטע עהרע דעם פערשטאָרבענעם און אכטונג געבען אַז אלעס זאָל געטאהן ווערען על פי דין ומנהג ישראל, און בעלייטען אויף דער סע־מעטערע און פערבלייבען ביז אַלעס איז פארטיג· דיא קאָמיטע האט דאס רעכט בייא א טויטענספאל צו ספענדען ביז 5.00 דאָלער.

§ 7. דיא שבעה קאָמיטע זאָל בעשטעהען פון 6 מיטגלידער, וועלכע זאָלען ערוועהלט ווערען פון דעם פינאנס־סעקרעטער אויף דער גאנצער וואך, און יעדען טאָג מוז איינער פון דער שבעה־קאָמיטע זיין בייא דעם שבעה־מיטגליעד און ברייגנען א בעריכט מיט א קארד אין קאָנגרעגיישען.

§ 8. דיא אלע קאמיטען מוזען עהרליך, געטריי און אונפּארטייאיש זייערע פפליכטען אמטענדען, און

צו בעריכטען צום נעקסטען מיטינג.

ארטיקעל 8.

## שטראפען.

§ 1. ווען אַ מיטגליעד האַלט זיך ניט רוהיג, מוז איהם דער פרעזידענט רופען צו אָרדער, אונד ווען דער מיטגליעד קומט ניט צו אָרדער. האט ער דאס רעכט איהם צו בעשטראָפען מיט 25 סענט צו דעם ערשטען מאל, אונד ווען ער פערהאַלט אַליין ניט רוהיג, קען ער איהם בעשטראפען ביז אַ דאָלער, און ווען ער איז אַליין ניט רוהיג, קען ער בייא איהם דאס וואָרט צונעהמען אויף דעם אַבענד, אונד ווען דאס העלפט אויך ניט, קען ער איהם פערווייזען פון דעם לאָקאַל אונד אַ קלאַגע אויף איהם ברייגגען.

§ 2. דיא פאָלגענדע בעאַמטע: פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, פראָטאָקאָל־סעקרעטער אונד טרעזשור דער ווערען געשטראפירט מיט 50 סענט, ווען זייא ערשיינען ניט ביי צווייא מיטינגען נאָך דער רייהע ווען זייא גיבען ניט אן קיין ריכטיגע אורזאַכע.

§ 3. ווען אַ בעאַמטער איז 3 מאהל נאָך דער רייהע ניט בייגעווען בייא דעם מיטינג אָהן וועלכע אורזאַכע, זאָ מוז ער פון זיין אַמט ענטזאגט ווערען, אונד אַ צווייטען אויף דיזען אַמט ערוועהלען.

§ 4. ווען אַ מיטגליעד איז אַ פאָינטעד געוואָרען און א קאָמיטע זאָ מוז ער אונבעדינגט צום נעקסטען

מיטינג ערשיינען, אונד זיין בעריכט ברייננען אָדער צו שיקען זיין בעריכט, אונד פאַר ניט פינקטליך אַטענדען דיא קאָמיטע פליכט, זאָל ער שטראַפירט ווערען מיט 25 סענט צום ערשטען מאהל, אונד מיט 50 סענט צום צווייטען מאל, ווען ער גיט ניט אָהן קיין בענוגענדיגע אורזאַכע פון זיין ניט אַטענדען.

§ 5. ווען אַ מיטגליעד ווערט אַפּאָינטעד אין אַ קראַנקען־קאָמיטע און אַטענדעט ניט אָהן אַ בענוגענ־דיגע אורזאַכע, זאָל ער שטראַפירט ווערען מיט 50 סענט צום ערשטען מאל, אונד מיט 1 דאללאר צום צווייטען מאל.

§ 6. אין אַ טוידטעס פאַל, ווען דער סעקרעטער לאָזט צו וויסען אַז דיא ברידער זאלען ערשיינען צו דער לויה, אונד ווען יעמאַנד פון אונזערע ברידער ערשיינען ניט, זאָל שטראַפירט ווערען מיט 1 דאָלאר. און אַ מיטגליעד פון פערוואַלטונגס־ראַטה קאמיטע זאָל שטראָפירט ווערען מיט 2 דאָלער. מיטגליעד פון פערוואַלטונגס־ראַטה קאמיטע האט דאס רעכט אי־בערגעבען זיין אַמט בייא דעם טוידעס פאַל.

§ 7. ווען אַ מיטגליעד מופט און גיט ניט אָהן זיין אַדרעסס צום סעקרעטער ביז 14 טעג, זאָל ער שטראַ־פירט ווערען מיט 25 סענט.

§ 8. ווען אַ ברודער ברייננט אריין אַ קלאַגע געגען א צווייטען ברודער אָהן א ריכטיגע אורזאַכע זאָל

ער בעשטראָפט ווערען פון דעם קאַנגרעגיישען.

§ 9. ווען אַ ברודער שלאָגט פאָר איין אונפּאַסענ־דען קאנדידאט אונד ער טרייט אַז דיא ברידער זאלען איהם אויפנעהמען, זאָל ער בעשטראפט ווערען פון דעם קאנג..

§ 10. ווען א סעקרעטער שיקט ניט צו זיינע ביכער צו דעם מיטונג, אויב ער קען אליין ניט ערשיינען, זאָל ער שטראפירט ווערען מיט איין דאלער.

§ 11. ווען אַ מיטגליעד איז אנגעקלאגט געווארען און איז געפונען געווארען שולדיג אין א קרימינעלע פערברעכען, זאָל ער אויסגעשלאָסען ווערען פון קאָנג. ווען אבער זאָ איין ברודער איז אונשולדיג, אונד דורך מאַגעל און מיטלען קען ער זיין אונשולד ניט איבער־ציינגען. זאָל וועגען איהם אלעס מעגליכעס געטאהן ווערען פון דעם קאנגרעגיישען.

§ 12. ווען א ברודער לאָזט אַרויס א קלאַנג צום שאַדען דעם קאנג. זאָל ער שטראפירט ווערען מיט געלד אָדער זאל אין גאנצען געשטריכען ווערען פון דעם קאנגרעגיישען.

ארטיקעל 9.

## מיטגליעדערס רעכטע.

§ 1. ווען א מיטגליעד בעלאנגט אין דיזען קאנג. מערער פון 15 יאהר און איז ניט אימשטאנד צו צאָהלען זיינע דיוס מחמת אַלטקייט און שלאַפקייט,

וואס ער קאהן שוין ניט ארבייטען, און ער מעלדעט זיך אין קאנג. אז ער קאהן ניט צאהלען, דארף דער פרעזידענט א פאינטען א אומפארטייאישע קאמיטע צו אונטערזוכען, אויב דיא קאמיטע געפינט אז עס איז ריכטיג וויא דער ברודער האט בעריכטעט, דארף דער פרעזידענט איהם אלעס עהרען ברודער ערקלערען און בעלאנגט צו אלע בענעפיט.

ארטיקעל 10.

## אונטערשטיטצונג.

§ 1. יעדער ברודער וואס בעלאנגט צו דיזען קאנג מערער וויא 6 מאנאט און איז קליר אין דיא ביכער, איז בערעכטיג צו אונטערשטיצונג איין מאהל אין 6 מאנאט.

§ 2. ווען א מיטגליעד מעלדעט זיך אין נויטה פערזענליך אדער שריפטליך בייא רעגעלער מיטינג דארף דער פרעזידענט פרעגען דיא ברידער וואס צו טאהן מיט דעם ברודער, אויב די ברידער באשטימען בייא וואוט מען זאל אהן נעמען דאס מעלדונג אדער דעם צו שריפט, דארף דער פרעזידענט אפאינטען א קאמיטע פון 2 מיטגליעדער און דער וויים־פרעזידענט 1 מיטגליעד, און דיא קאמיטע דארף אומפארטייאיש אונטער זוכען צו דער ברודער איז טאקע אין נויטה און דיא קאמיטע מוז בעריכטען צום נעקסטען מיטינג וואס זייא האבען אויסגעפונען.

§ 3. ווען די קאמיטע באריכטעט אַז דער ברודער איז אין נויטה קאנען דיא ברידער פערהאַנדלען מיט וויפיעל מען זאַל דעם ברודער העלפען, נאר ניט מעהר וויא 10 דאלער ביים רעגעלען מיטינג.

§ 4. בייא אַזאַ פאַלל וויא אין פארא· 3 אין דער קאמיטעס בעריכט קומט אויס בייא א דזשענעראַל מיטינג אָדער בייא ספעציאל מיטינ וואס דער פרעזידענט האט פעררופען וועגען דעם מיטגליעד, האט דער מיטינג דאס רעכט צו אונטערשטיצען דעם ברודער לויט דעם בעשלוס פון מיטונג·

§ 5. ווען אַ מיטגליעד מעלדעט זיך אין נויט צום פרעזידענט אונד עס איז לאַנג צו וואַרטען ביז דעם רעגעלען מיטינג האט דער פרעז. דאס רעכט צו העלפען דעם ברודער מיט 5.00 דאלער, און אויב דער פרעז· געפינט אויס אַז דיא שטיצע איז נויטהיג, און באַלד אין 5.00 דא. איז וויניג האט דער פרעז. דאס רעכט צו רופען איין ספעציאל מיטונג וועגען דעם צוועק·

ארטיקעל 11.

קראַנקען בענעפים.

§ 1. יעדער מיטגליעד וועלכער בעלאַנגט צו דיזען קאָנג 6 מאָנאַט און איז קליר אין דיא ביכער און ער מעלדעט זיך קראַנק, איז באַרעכטיגט צו 4 וואָכען גאַנצע בענעפיט און 4 וואַכען האלבע בענעפיט, אין

פאלעס יאהר — און נאָך דער צייט ווען ער איז נאָך קראַנק זאל ער אַלעס נויט ליידענדער באַטראַכט ווערן.

§ 2. דאס קראַנקען בענעפיט זאָל באשטעהן פון 5.00 דאָלער אַ וואָך, ווען עס וועט זיך געפינען אין דער קאַסע פון דעם קאָנג. מערער אַלעס 500 דאלער אונד זאָ באַלד וויא דיא קאַסע ווערט רעדוצירט אויף 475 דא. זאָל דער בענעפיט געשלאָסען ווערען, אונד דאַן ווייטער ערעפענט ווערען ווען דיא סוממע פון 500 דאָ. וועט ערפילט ווערען.

§ 3. קראַנקען בענעפיט זאָל זיך אנפאַנגען פון דעם טאָג וואס דער קראַנקער ברודער מעלדעט זיך צום פינאַנס־סעקרעטער שריפטליך, און נאָך דעם וויא קראַנקען קאָמיטע וועט בעריכטען אַז דער ברודער איז געוועזן קראַנק אַ פוללע וואָך, און אויך דאַרף דער ברודער ברייננגען פון דעם קאנג. דאָקטער איין אַ טעסט פיר איין פוללע וואָך, דאַן איז דער ברודער בערעכטיגט צו זיין בענעפיט.

§ 4. קראַנקע ברידער וואָס אַטענדען צו זייערע ביזנעס זיינען ניט באַרעכטיגט צו קיין בענעפיט.

§ 5. ווען אַ ברודער איז קראַנק און איז ניט פעהיג צו זיין אַרבייט, אָבער ער ליגט ניט צו בעט וואס קיין קאָמיטע קאָהן איהם ניט בעזוכען. מוז ער בעזוכען, יעדען טאג פון זיין קראַנקהייט ביי איינעם פון דיא ברידער וואס דער פרעז. אָדער דער סעק.

וועט איהם אָהן ווייזען, אין וואסער צייט.

§ 6. ווען דיא קראַנקען קאָמיטע געפינט אויס אַז דער קראַנקער ברודער ליידעט אויף אונמאָראַלישע קראַנקהייט, דאַרף דיא קאָמיטע דאס מעלדען צום פרעז. סעקרעטנע, און דער פרעז. האט דאס רעכט צו אונטערזוכען דעם קראַנקען ברודער מיט דעם דאָקטער פון קאָנג. אדער מיט אַ פריוואָט דאָקטער וואס דער פרעז. נעמט. און ווען דער דאָקטער געפינט אויס אַז דער קראַנקער ברודער ליידעט אויף אונ־מאראַלישע קראַנקהייט איז דער ברודער ניט בע־רעכטיגט צו קיין סיק בענעפיט.

§ 7. ווען אַ ברודער מעלדעט זיך קראַנק צום סעקרעטער דאַרף דער סעק. פערזענליך ברייננען דעם קראַנקען ברודער איין קראַנקען קאַרט, און ווען עס נייטהיג אַ קראַנקען קאָמיטע, דאַרף דער סעקרעטער שיקען דיא קאָמיטע, אום צום לעצטען טאג פון דער וואָך דאַרף דער סעק. בעזוכען דעם קראַנקען אונד זעהן צו. דער ברודער וויל זיך אויס שרייבען פון קראַנקען ליסט, אָדער ער דאַרף צו נעמען דיא ערשטע קאַרטע, און לאָזען אַיין 2טע קאַרטע.

§ 8. ווען אַ מיטגליעד וואָהנט אויסער גרויטער ניו־יאָרק איז ניט בערעכטיגקט צו קיין סיק בענעפיט.

§ 9. ווען אַ ברודער וואס ער אַרבייט ניט מחמת אַלטקייט, און ווערט סעפּאָרט פון זיינע קינדער, אַז

ער ווערט קראַנק איז ער ניט באַרעכטיגט צו קיין קראַנקען בענעפיט, נור לויט דעם אָפּשטימונג פון דיא ברידער.

ארטיקעל 12.

## שמירה.

§ 1. ווען איין ברודער איז קראַנק אָדער זיינע פרויא און האט נויטהיג אַ שמירה און דער פרעז. מיט דעם סעק. געפינען אויס פיר נויטהיג, האבען זייא דאס רעכט צו דינגען אַ מאַן אויף דעם רעכנונג פון דעם קאנגרעגיישען.

§ 2. דיא שמירה דאַרף זיין פון 10 אוהר אבענדס ביז 6 מארגענס.

§ 3. ווען א קראנקער ברודער אדער זיינע פרויא זיינען ח"ו גוכס דאַן דאַרף דיא חברה קדישא פיר זאָרגען מישמורים וואס וויסען וויא צו אַטענדען ביי אַזא פאַלל.

ארטיקעל 13.

## טויטענס פעללע.

§ 1. שטאַרבט איין ברודער אָדער זיין פרויא, זאל דיא לייכע נאך דעם אידישען דין בעערדיגט ווערען, דער קאנג. מוז בעזאָרגען דעם טויטען־וואגען, אונד 2 קערידזשעס, פון וועלכע איז פאר דער פאַמיליע פון דעם טוידטען, אונד פיר דער קאמיטע, אונד אלע אויסריכטונגען.

§ .2. ווען אַ טוידטער ברודער אָדער זיין פרוי ווערט בעערדיגט פון אַ צווייטער פעראיין, זאָל אונזער קאָנג. איהם בלויז פערזאָרגען מיט 2 קערידזשעס, 1 פיר דער פאַמיליע און 1 פיר דיא קאמיטייא.

§ .3. אין א טוידטעס־פאַל פון אַ מיטגליעד זאָלען אַלע מיטגליעדער פון קאָנג. געטעקסט ווערען מיט איין דאלער פער קאָפּף, אונד דאס געלד זאל מען דער איבערגעבליבענער אלמנה אבגעבען. אַדער דיא יתומים, וועלכע זיינען ניט פערהייראַט. בייא איין טוידטעספאל פון אַ פרויא איינעס מיטגליעד זאָלען דיא מיטגליעדער דעם קאנג. געטעקסט ווערען מיט 50 סענט פער קאָפּף, דיעזעס געלד צו געבען דעם ברודערס מאַן פון דער פערשטארבענער פרויא.

§ .4, דיא קאָפּשטייער וואס דער קאָנג. דאַרף אויסצאהלען נאָך איין פערשטאָרבענעם ברודער אדאר פיר זיינע פרויא דארף זיין נאך דעם 2טען שטרייך אבענד, אונד וויפיעל דאלערס עס איז איין געקאַלעקט געוואָרען נאך דעם בוך פון קאנג. דארף דער קאנג. אויס צאהלען, פיר געשטריבענע מעמ־בערס וואס זייא האבען ניט בעצאהלט קיין קאָפּ־שטייער איז דער קאָנג. ניט פעראַנטוואָרטליך.

§ .5. דיא קאנג. מוז אַזעלכע ברידער סוספענדיע־רען וואס ווילען ניט איינצאהלען די קאָפּשטייער.

§ .6. דיא יורשים פון אַ פערשטארבענעם אַ ברו־

דער אָדער זיינע פרויא האבען קיין רעכט צו מאנען דעם קאָפּשטייער בעפאָר 90 טעג.

§ 7. דער קאָנג. האט דאס רעכט ביים אויסצאהלען דיא קאָפּשטייער צו דיא יורשים צו פערהאַלטען 25 דאלער פיר אמצבה, און ביז אַ יאהר אַז דיא יורשים שטעלען ניט ארויף קיין מצבה האט דער קאָנג. דאס רעכט צו שטעלען א מצבה פיר $25.

§ 8. ווען אַ סינגעל מאַן שטאַרבט דאַרף דער קאָנג. אויסצאהלען דעם קאָפּשטייער צו זיינע נאהענטע פריינד, נור דער קאנג. האט דאס רעכט צו פאָדערען ריכטיגע בעווייזע אַז זיי זיינען דיא יורשים.

§ 9. שטאַרבט אַ ברודער אָדער זיינע פרוי אָדער אַ קינד אין אַ האָספּיטאל, און דיא פאַמיליע פערלאַנגט דיא לייבע ברייגגען צו הויזע, דאַרף די קאָסטען פון ברייגגען דיא לייבע זיין אויף רעכענונג דער פאַמיליע, דער קאָנג. דאַרף צו נעהמען דיא לייבע פון הויז אָדער פון האספּיטאל.

§ 10. ביא אַיין טוידטענס פאַלל פון אַ קינד ביז אַ יאהר אַלט דאַרף דער קאנג. געבען אויף עקספּענסעס ניט מעהר וויא 8 דאלער. בייא איין טוידטענספאַל פון א קינד ביז 6 יאהר אַלט, זאל דער קאנג. געבען אַ קערידזש מיט אַ בעערדיגונגס־פלאַץ אונד איך דיא קאָסטען, אבער קיין לייבע וואגען ניט. בייא קינדער אַריבער 6 יאהר ביז 20 יאהר, אויב ער איז

ניט פערהייראַטה, זאל אויך געגעבען ווערען א לייכע וואָגען אויף דער קאנג. קאָסטען, און אַ מיידעל איז צו אַלעס אינטייטעל ביז זיא הייראַטה אפילו זיא איז איבער 20 יאהר אַלט.

§ 11. עס בעדאַרף קיינער ניט בעערדיגקט ווערען אויף דער קרקע פון קאנג. אָהן אַ סערטיפיקייט פון פרעזידענט און דעם זיעגעל פון דעם פעראיין.

§ 12. בייא טוידטעס־פאַל פון עלטערן פון אַ ברודער, אונד אַז דער ברודער פערלאנגט אַז זיינע עלטערן זאָלען בעערדיגקט ווערען אויף אונזער כעד־מעטערי, דאַן איז ער בערעכטיגט צו אַ בעערדיגונגס־פלאַין פאַר 25 דאלער, און אַלע איבעריגע קאָסטען וואס דער קאנג׳ מאַכט; אין זאָ איין פאַל בעדאַרף דער ברודער אויסצאהלען אללע זיינע קאסטען איז פעראוים, אונד 25 דאלער כעקיורעטע פיר א מצבה׳

§ 13. יעדער קבר מוז מיט אַ מצבה בעזאָרגט ווערען ביז אין אַ יאהר צייט.

§ 14. בייא אַ טוידטענס־פאל פון אַ קינד איז דער פאָטער פערפליכטעט צו שטעלען איין מצבה אַין צייט פון אַ יאהר, דער קאנג׳ האט דאס רעכט צו פערהאַלטען פון דעם ברודער פון דער שבעה געלד פון אַ קינד פון אַ טאג ביז 6 יאהר 2 דאלער, אונד פון 6 יאהר דיא גאַנצע שבעה געלד 5·00 דאלער.

§ 15. בייא אַ טוידטענס־פאל פון איין שוועסטער

פון איין פערשטארבענעם ברודער וואס זיא האט ניט קיין קאָפּשטייער האַט דער קאָנג. דאס רעכט צו פאָדערען פון דיא יורשים 10 דאלער סעקיורעטע פיר א מצבה, בעפאָר מען בעערדיגקט דיא באַדי.

§ 16. בייא אַ טוידטענס־פאַל פון קינדער פון אַזאַ שוועסטער אלמנה וואס זיא קריגט ניט קיין שבעה געלד האט דער קאנג. דאס רעכט צו פאָדערען פון דער שוועסטער סעקיורעטע בעפאר מען בעערדיגקט דיא באַדי פון אַ קינד ביז 6 יאהר 2 דאלער, אונד עלטער פון 6 יאהר 5.00 דאלער.

§ 17. ווען א מיטגליעד דער נאך קיינע 6 מאָנאַ־טען בעלאַנגט, איז ניט בערעכטיגט צו קיינע בענע־פיטס אונד צו אונטערשטיצונג, אויסער בייא איין טוידטעספאל, איז דער קאָנג· פערפליכטעט זיך דעם זעלבען צו געבען נור קרקע קיינע עקספּענסעס, אונד קיינע קאָפּשטייער, און ער מוז געבען 10 דאלער־סעקיורעטע, פיר דעם בערדיגען פיר אַ מצבה.

§ 18. בייא איין טוידטענספאל פון קינדער פון אַזעלכע ברידער וואס בעלאַנגען נאך ניט קיין 6 מאָ־נאַטען צו דער קאנג· זיינען צו גאר נישט בערעכטיגט נאר צו קרקע, אין וועגען אמצבה דאַרף דער קאנג. פיהרען לויט פאראג. 12.

§ 19. דער מיטגליעד, וועלכייר וואהנט אויסער שטאדט ניו יארק אונד ברוקלין איז בערעכטיגט צו

בעערדיגונגס עקספּענסעס אַזוי פיעל וויפיעל עס איז בעוויליענט פאַר מעמבערס וועלכע וואָהנען אין שטאדט ניו יאָרק אונד ברוקלין, דיא עקספּענסעס דאַרפען זיין די פאָלגענדע; 30 דאָלער פאַר אַ פרויא. 30 דאלער פאָר אַ מאַן, מיט דעם קאמיטע, פאר אַ קינד פון אַ מיטגליעד פון אַ טאג ביז א יאהר 8.00 פון אַ יאהר ביז 6 יאהר 10 דאלער, פון 6 יאהר און ווייטער, באָיעס ביז 20 יאהר, אונד מיידלעך ביז זייא פערהייראטהען זיך 20 דאלער.

§ 20. קיינע מצבות זאלען ניט געשטעלט ווערען אָהן אַ פּרעמיט פון דעם פּרעזידענט מיט דעם פינאַנס סעקרעטער מיט דעם זיעגעל פון דעם קאָנג.

§ 21. קיין קרקע אָדער איינציגע קברים טאָהר ניט פערקויפט ווערען צו קיין פרעמדען וואס בע־לאַנגען ניט צו דיעזען קאנגרעגיישאן.

§ 22. קיין קרקע טאָהר ניט פערקויפט ווערען און ניט אַוועקגעגעבען ווערען אַלעס מתנה צו קיין ברור־דער פון דיעזען קאָנג. אַלעס פאַמיליע קברים צום אבזונדערען.

§ 23. קיין קבר טאָהר ניט פערקויפט ווערען צו קיין מיטגליעד פון דיעזען קאָנג., עס מוז אַלעס געהן נאָך נעקסט.

ארטיקעל 14.

ש ב ע ה ג ע ל ד.

§ 1. ווען ביי אַ מיטגליעד פון דיזען קאָנגרעגיישאן

שטאַרבט איינער פון זיין פאַמיליע וואס ער דאַרף זיצען שבעה. ווען דיא קאמיטע בעריכטעט אַז דער מיטגליעד איז געזעסען שבעה אפילו 3 טעג, איז ער אנטייטעל צו 5 דאלער שבעה געלד.

ארטיקעל 15.

§ 1. בייא אַ טוידטעס פאַל אַ ברודער אָדער אַ פרויא פון אָ ברודער, מוז דער קאָנג. באַזאָרגען אַ מנין, דאַן ווען ער איז בעעהדיגקט אויף אונזער כע־מעטערי, נור עס דאַרף מעהרער ניט קאָסטען וויא 8 דאלער.

ארטיקעל 16.

רעכטע פון אלמנות פון פערשטאַרבענע ברידער.

§ 1. ווען אַ מיטגליעד פון דיזען קאָנג. שטאַרבט אונד האט בעלאַנגט מיט זיין פאַמיליע, און דיא גע־בליבענע אלמנה מיט דיא קינדער ווילען בעלאַנגען צו דיעזען קאָנגרעגיישאן, באַיעס ביז 20 יאהר, אונד מיידלעך ביז זיי ווען הייראַטהען. דאַרף די אלמנה אויסמאַכען איין אַפליקיישאן, אַז זיא וויל בעלאַנגען צו דיעזען קאָנג. און אוים שרייבען איהרע קינדערס נעהמען אונד יאהרען.

§ 2. איין אלמנה וואָס בלייבט אין קאנג. לויט פאַראג. 1 דאַרף צאָהלען איהרע דיוס האַלב, 3.00 אַ יאהר אָדער 75 סענט אַ קוואַרטעל, און זיא דאַרף צאָהלען איהרע דיוס צו דער צייט אַזוי וויא אַ מיטגליר,

דער קאָנג. האט דאס רעכט צו האַנדלען מיט איהר לויט אַרטיקעל 4 פּאַרא. 7 פון דיעזע קאנסטיטושאן.

§ 3. דיא אלמנה דאַרף ניט צאלען קיין טעקס וואס ווערט אַ מאהל אַרויף געלעגט אויף אַ מיטגליעד.

§ 4. דיא אלמנה מיט די יתומים ביי א טוידטענס־פאַל זיינען בערעכטיגט צו קרקע און אלע אויסריכ־טונגען לויט אַרטיקעל 13 פּאַרא. 1 און 11. און ניט צו קיין אַנדערע בענעפיט, און ניט צו קיין קאָפּשטייער.

§ 5. ווען דיא אלמנה וואס בעלאַנגט צו דיעזען קאָנג. מיט איהרע יתומים. און זיא האט חתונה, ווערט זיא סוספּענדירט פון דיעזען קאָנג. מיט איהרע קינדער, ביי דעם ערשטען מיטינג פון שטריך אבענד.

ארטיקעל 17.

## פּאַרלאמענטאַרישע רולס.

§ 1. אַלע פערזאַממלונגען דיעזעס קאנגרעגיישאן זאָלען שפּעטסטענס פון 8.30 אוהר אַבענדס געעפענט ווערען.

§ 2. אין צייט פון מיטינג מוז זיך יעדער רוהיג פערהאַלטען אויף זיין פּלייס, אונד ניט אַרום וואַנדלען פון פּלייס צו פּלייס, און אַלעס דאַרף פערהאַנדעלט ווערען נור געשעפטע פון קאָנגרעגיישאן.

§ 3. יעדער מיטגליעד. וועלכער וויל שפּרעכען זאָל דאס וואָרט פון פּרעזידענט פערלאַנגען, אונד ווען ער דיא ערלויבעניס ערהאַלט זאל ער שפּרעכען

נור אין דער געלעגענהייט וועלכע עס ליעגט פאָר.

§ 4. ווען מעהרערע מיטגליעדער פערלאַנגען דאס וואָרט, זאל דער פרעז. זיי נאָך דער רייהע געבען.

§ 5. יעדער ברודער זאָל רוהיג אויסגעהערט ווערען אין צייט פון זיין שפּרעכען.

§ 6. ווען דער שפּרעכענדער ווירד צור אָרדער געראופען, זאָל ער זאָפאָרט אויף הערען צו שפּרעכען ביז דיא אָרדנונגס פראַגע ווירד ענטשיידעט, אונד דאַן זאל ער ווידער דאס ווארט האבען.

§ 7. אַלע דעבאַטען, געשעפטען זאָל דער פּרעזי־דענט דעם מיטינג פאָרלעגען אונד בעפאר ער געהט צור אבשטימונג זאל ער פרעגען אויב יעמאַנד נאָך דאס וואָרט פערלאנגט אין דער דעבאַטע, אונד ווען קיינער מעהר שפּרעכען וויל זאלל ער דעם פאָרשלאַג צור אבשטיממינג פארלעגען.

§ 8. ווען איין פאָרשלאַג צו דעבאַטע פאָרגעלייגט דאַרף קיינע אנדערע אנטראגע געמאכט ווערדען נור דעם פאָרשלאג פיר דיא ברידער פאָרלעגען, אונד צום אבשטימונג נעהמען, אדער דעם זעלבען צו אַמענדירען, אדער שלוס דיא דעבאַטטע.

§ 9. איין אַמענדעמענט מוז בעפאר דעם פאָר־שלאג פערהאַנדעלט ווערען.

§ 10. ווען דער אַמענדעמענט איז אנגענומען פאַלט דער פאָרשלאַג אַוועק אונד עס קאהן קיינער

מעהר וועגען דעם דעבאַטירען.

§ 11. אבשטימונגען דאפון בעשטעהט פון קאָנג. אַבשטיממונג צייכען·

§ ·12 יעדען ארדנונגס־פראַגע אָדער געזעץ ער־קלערונג דאַרף דער פרעזידענט ענטשיידען.

§ 13. דער פרעזידענט קאן קיינע פאָרשלעגע מאַכען, ווען אבער דער זעלבער אום אינטערעס דעם קאנג. איין פארשלאַג מאַכען, זאָ מוס ער דעם טשער פערלאַססען ביז דיא פראַגע איז געענדינקט.

§ 14. איין ברודער צו איינען אַנדערען גלויבען איבער געהט ווירד פון דער מיטגליעדער ליכטע געשטריכען.

§ 15. קינדער דער מיטגליעדער ניכט געמלת זינד זאָלען אויף דעם בעערדיגונגס פלאַץ דעם קאָנג. ניכט בעערדיגט ווערדען, אונד קיין בעערדיגונגס עקספּענסעס זאָל דער קאָנג. ניכט ליידען·

§ 16. קאנדידאַטען אויף וועלכע דיא קאמיטעע בעריכט דאס זייערע קינדער ניכט גמלת זינד זאָלען ניכט אויפגענומען ווערדען אין דיזען קאנגרעגיישאן.

§ 17. ווען דער פרעזידענט גיט ניט דאס וואָרט צו איין ברודער, קען דער ברודער אַפּעלירען. צו דעם וויים פרעזידענט, אונד דער וויים פרעזידענט דאַרף פאָרלעגען דיא אַפּעלאַציאָן פאַר דיא ברידער פון דעם קאָנג. אונד ווען דער וויים פרעזידענט גיט ניט

דאס וואָרט. דאַן האט דער ברודער דאס רעכט צו אַפּעליערען צום גאַנצען קאָנגרעגיישאַן.

§ 18. יעדער מיטגליעד מוז נעהמען אַ קאָנסטיטושען בוך אונר בעצאהלען וואס דער קאָנגרעגיישען בעשטימט.

ארטיקעל 18.

### געזעץ פאַרענדערונגען.

§ 1. קיין טהייל פון דיא קאנסטיטושען קענען ניט צוריק גערופען ווערען, פאַרענדערט ווערען, אָדער פאַרבעסערט ווערען, נאָר דורך איין שריפטליכע איינטראַגע פאָרגעליגט אונד אונטערגעשריעבען פון 10 גוטשטעהענדע ברידער, אונד בייא דיא פאָלגענדע צווייא פערזאַמלונגען; גענעראַל און ספּעציאַל, מוז דורכגעהן צוויא דריטעל מאַדזשאָריטע פון דער קאָנגרעגיישאַן.

---

## דאס געזעץ קאמיטע.

ב. אשלאַנסקע.

מ. לעווין.

ב. זאטאלאָווסקי.

ט. ב. מארגליות.

פ. קראַסנאף.

ה. ראגאף.

א. סאנדלער.

א. סטאהן.

# מעמבער ליסט.

ב. אשלאנסקי
טש. אבראמאוויטש
ז. בלעק, ה. בערענשטיין,
פ. בלעק, וו. בלעק,
מ, בלאק דאקטאר
דז. באדניק
ס. בעלאף
ב. בערענשטיין
ל. בעלאף
ס. נאלדבערג
פ. גאלדבערג
נ. מ. גאלדשטיין
ז. גאלדבערג
נ. גאלדשטיין
א. גלאַסס
ל, דזיאנאוו
נ. דזיאנאוו
מ. דאנסקי
ס. דאהן
דז. האסטראווסקי

ה. האסטראווסקי
מ, האסטראווסקי
י. האטקיסס
א. הערינסטאף
ל. הערמאהן
ה. זאטאלאווסקי
ה. חפץ
ס. טאלסקי
מ. טעוויש
י. טאקער
י. יאנאווסקי
מ. לעווין
טש. ליוואי
ס. לעווין
טש. ליכטמאהן
י. ליפיטש
דז. לידמאהן
א. מעטש
ט. מרגלית
י. מרגלית

# מעמבער ליסט.

י. מאַזער
פּ. מאיעראוויין
ה. מאטיסעווסקי
א. מעסיבאוו
ה. מעסיבאוו
א. מיזיקאף
ב. סעגעל
ב. ספּיוואַק
י. י. סעגעל
א. סטאהן
א. סאדלער
דז סאטיען
דז. סעגעל
ל. סילווערמאן
ס. פּאוולאף
כ. פּאוולאף
דז. פּאלאווינטשאק
טש. פּאוולאווסקי
ס. פּאלינסקי
ב. פּאלאווינטשאק

וו. קאהן
ב. קארעלשטיין
דז. קראוויין, וו. קאַין,
פּ. קראסנאף
מ. קאלטאהן
א. קאלאדענקי
מ. קאלאדין
ב. קאלאפּס
מ. קאכניר
ה. ראגאף, ל. רובין
פּ. ראבינאוויטש
ס. ראטט, ב. רעסקינד
ס. ריפּא, מ. רופּא,
פּ. ראזען, מ. ראזען
א. ראפּאפּארט
מ. שטיין, מ. שאפּירא
י. שולמאן, דאקטאר
אלמנות
מיסעס וואנעס
מיסעס אזענבערג.

---

